# דער
# ישיבה בחור

אָדער

## דיא ליבע אונ דיא פיינדשאפט

ספור ארגינאל

מאת יב"א זיו משאם.

ווילנא

שנת תרנ"ח לפ"ק

Деръ Ешива Бахуръ

Или либе унъ файндшафтъ.

Любовь и ненависть.

Расказъ I. Зива.

ВИЛЬНА.

Типографія Розенкранца, и Шрифтзетпера.

на Лидскомъ переулкѣ, домъ № 259/13. 1898.

## 1) דיא ערסטע באקאנשאפט.

דיא זון זעהט זיך שוין ניט אין שטאט נ', נאר איהרע שיינע רויטע שטראהלין שיינען נאך דארט אין ברעג חימיל, אצייכין דאס זי איז נאך ניט פיל וייט פון אונזער ערדבאל, אונ אזו באלייכטעט זיא נאך אין דונקעלין די ווענין פון דיזע נובערניע שטאט, וואס ניט וייט פון איר, אויף איינע פון זייא וואס גייט פון אויעזדניע שטאט פ. מאקירט זיך איונגער אידעשער בחור פון איאהר זיבעצין, אהיפשער מענש מיט אשיינעם גישטאלט, געגין אים לויפט פון שטאט אשיינע מעדכען אויך פון זיין עלטער, אונ אים באגעגנענדיג פרענט זיא אים האסטיג: האט איר ניט גיפונען גייענדיג אדאמסקין אוהר?

— יא – האט ער גיענטפערט. אונ דאס איז ער. אונ האט גלייך איר איבערגעגעבין דעם אוהר וואס ער האט טאקע גיפונען. ער האט פאר'הער זיך נבייליך גיפרייט מיט אים, אונ ווי דער שטייגער איז האט ער איר ניט נידארפט אוועק געבין אזו האסטיג ניט פרעגינדיג קיינע סמנים אויף אים, נאר עס איז פראנען מענטשין אויף גאטס וועלט, וואס ווי נאר זיי דערזעהן זיך דעם ערסטין מאל קריגין זייא אנאטירליכע נייגונג איינער צום אנדערין אונ פילין בייא זיך איינע אינערליכע ליבע צום צווייטין, אונ דיזען בחור האט אויך גינומען ציען די הארץ צו די פריילין ווי נאר ער האט איר דא דערזעהן, אונ נאך מער האט אין אים גימאכט איין איינדרוק איר פארקימערטע גיזיכט וואס דאס האט איר נאך מער שיינקייט אונ אנגנעהמיקייט צו גינעבין, דאס ער האט זיך נאר ניט באטראכט אונ האט איר דערלאנגט איר אוהר וואס זי האט פארלארין גייענדיג שפאצירין, אונ איז העכסט צופרידען גיוועזן וואס ער האט אזא פריילין פון מאנגעל אויס-גילייזט אונ איר דיא רוהע ווידער גיקערט.

זיא הָאט אִים זַייעֶר גֶעדַאנְקְט. — נַייֶענְדִיג בַּיידָע צוּם שְׁטָאט, הָאט זיא אִים גִיפְרֶעגְט פוּן וַואנֶען עֶר אִיז, אוּנ וואוּ עֶר גֵייט.

— אִיךְ בִּין פוּן דָער שְׁטָאט פ. אוּנ גֵיי דָא וֶוערִין אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר — עֶר אִיז אֲפִילוּ רוֹיט גֶעוָוארִין דָאס זָאגִינְדִיג. אוּנ זיא הָאט אִים אוֹיךְ מִיט בֶּעוואוּנְדֶערוּנג אָנְגֶעקוּקְט דָאס אַזַא שֵׁיינֶער יוּנג, וָועלְכֶער זָעהְט גַאנְץ אַרִיסְטָאקְרַאטִים אוֹיס, זָאל זַיין אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר. —

וִויא עֶס זָעהְט אוֹיס, זַייט אִיר פוּן אַיין אָרֶעמֶען שְׁטַאנְד, אַלְזָא נֶעמְט פוּן מִיר דִיזֶען רוּבְּל, וֶועט אִיר הָאבֶּען אוֹיף אַייעֶרֶע אוֹיסְגַאבֶּען, הָאט דִיא פְרַיילִין גֶעזָאגְט אַרוֹיס נֶעמֶענְדִיג אַרוּבְּל פוּן טַאשׁ.

אִיךְ בִּין צְוַואר פוּן גָאר אָרֶעמֶע עֶלְטֶערְן, אוּנ דָאךְ גֵייא אִיךְ אִין דָער יְשִׁיבָה — הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען. אוּנ וֶוען אִיךְ וָואלְט וִוירְקְלִיךְ אָרֶעם גִיוֶועזֶען, וָואלְט אִיךְ אוֹיךְ פוּן אַייךְ גָאר נִיט גענוּמֶען, דֶען דָאס וָואלְט אוֹיסְזֶעהְן וִויא בֶּעלָאהְנוּנְג פַאר מַיין צוּרִיק גֶעבִּין אַייךְ אַייעֶר אוּהְר, אוּנ דַאפִּיר דַארְף מֶען קַיינֶע בֶּעלָאהְנוּנְג נֶעמֶען.

זיא הָאט אִים נָאךְ אַמָאל גֶעדַאנְקְט, אוּנ הָאבִּין זִיךְ גֶעשֵׁיידְט. עֶר אִיז זִיךְ אַוֶועק אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, אוּנ זיא — אִין אִיר פַּאטֶערְס הוֹיז, זַייעֶרֶע הֶערְצֶער וַוארֶען פוּל פְרַיידֶע אִיבֶּער דִי גוּטֶע אַיינְ-דְרִיקֶע וֶועלְכֶע זֵיי הָאבִּין גֶעמַאכְט אַיינֶער אוֹיף דֶעם צְוַוייטֶען. דֶען וִויא מִיר וַוייסִין הָאבִּין זֵיי זִיךְ שׁוֹין פֶערְטְרוּנְקֶען אִין לִיעבֶּע וֶועלְכֶע עֶרְשַׁיינְט פְּלוּצְלוּנְג, וִויא אַפִּייעֶר אִין מֶענְטְשִׁינְס הַארְץ.

דָער בָּחוּר אִיז אַרַיין אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אוּנ הָאט גֶענוּמֶען אַ גְמָרָא אוּנ זִיךְ גֶעזֶעצְט לֶערְנֶען. דֶען עֶס וַואר דַאן אִין אָנְהֵייבּ אִיָיר, וָואס דַאן לֶערְנֶען נָאךְ דִי יְשִׁיבָה בָּחוּרִים נָאךְ מַעֲרִיב. עֶר אִיז זַייעֶר מִיד גֶעוֶועזֶען פוּן וֶועג אוּנ הָאט דֶערוּם נוּר צוּ טַייְנֶען

דיא

דִי אִיבֶּערִיגֶע יְשִׁיבָה בְּחוּרִים דָאס עֶר אִיז אוֹיךְ גִיקוּמֶען לֶערְנֶען׃

אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אִיז דַאן גִיוֶועֶן אוֹיסֶער דִי יְשִׁיבָה בָּחוּרִים, אַיין שְׁטָאטִישֶׁער בָּחוּר, וָואס נִיט ווִילֶענְדִיג לֶערְנֶען קַיין זַאךְ, פְּלֶעגְט עֶר לוֹיט זוּכִין מִיט וֶועמֶען צוּ פַארְבְּרֵיינְגִין דִיא צַייט, אוּנ הַיינְט הָאט עֶר זִיךְ מִיט אֵיינֶעם פוּן דִיא יְשִׁיבָה בְּחוּרִים פֶעסְט פַארְפְּלוֹידֶערְט בִּיז שְׁפֶּעט, דֶען עֶר אִיז אוֹיךְ גִיוֶועֶן אַבֵּית הַמֶדְרָשׁ אֵיינְגֶייעֶר, אוּם צוּא פַארְבְּלֶענְדִין דִיא אוֹיגֶען פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערִין זֵייא זָאלִין, מֵיינֶען דָאס עֶר לֶערִינְט דָארְט.

וִויא גִיוֶועֶנְהְלִיךְ הָאבִּין אַלֶע אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא אֵייגֶען אוֹיף דֶעם נַייעֶן יְשִׁיבָה בָּחוּר וָואס אִיז יֶעצְט גֶעקוּמֶען, אוּנ דֶער שְׁטָאטֶעשֶׁער בָּחוּר אוֹיךְ, דִי אָרֶעמֶע בְּחוּרִים הָאבִּין אוֹיף אִיהְם קְרוּם גֶעקוּקְט, דֶען זֵייא רֶעכֶענֶען אַפְּרִישֶׁען בָּחוּר - וִויא עֶר וָואלְט קוּמֶען זֵייא מַשִׂיג גְבוּל זַיין, אוּנ זֵייעֶרֶע טֶעג צוּנֶעמֶען, אָבֶער דֶער שְׁטָאטִישֶׁער בָּחוּר? וָואס הָאט עֶר צוּ אִיהְם? - דָאךְ קוּקְט עֶר נָאךְ מִיט מֶעהְר צָארִין וִויא זֵייא, אוֹיף אִיהְם! - דֶען עֶס אִיז דָא אוֹיךְ אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין וָואס קְרִיגִין פַיינְט דֶעם אַנְדֶערִין מִיטִין עֶרְשְׁטִין קוּק אוֹיף אִיהְם דִיא אוּרְזַאכֶע דֶער פוּן אִיז, וִויא עֶס וַוייזְט אוֹיס, וַוייל זֵייעֶרֶע נַאטוּרֶען זַייעֶן הֶעכְסְט אָבְּגֶעשֵׁיידֶעט אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערִין, אוּנ זַייעֶן נִיבּוֹיט פוּן אַזֶעלְכֶע עֶלֶעמֶענְטִין (גְרוּנְד זֶעטְצֶע) וָואס זַייעֶן רִיכְטִיג דִיא גֶעגֶענְזַאטְץ אוּנ דִי לֶעצְטֶע בְּרֶעגֶעס פוּן גוּטֶעס אוּנ שְׁלֶעכְטֶעס, וִויא דִי פְּלוּצְלִינְגֶע לִיבֶּע קוּמְט דוּרךְ דִי אֵיינִיגְקַייט אִין דִי נַאטוּרֶען, אַזוֹי קוּמְט דִי פְּלוּצְלִינְגֶע פַיינְדְשַׁאפְט דוּרךְ פֶערְשִׁיעֶדֶענֶע גֶעפִילֶען.

אוּנ דִיזֶער שְׁטָאטִישֶׁער בָּחוּר הָאט אוֹיךְ גְלַייךְ פַיינְד גֶעקְרָאגֶען דִיזֶען פְּרִישֶׁען יְשִׁיבָה בָּחוּר, נִיט ווִיסֶענְדִיג, וֶוער עֶר אִיז, אוּנ נָאךְ מֶעהְר, הֶערֶענְדִיג וִויא אָרֶעמֶע בְּחוּרִים זָאגֶען אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערִין, „אָ, וָואס פַאר אַשֶׁעהְנֶער יוּנְג דָאס אִיז!" הָאט אִים אָנְגֶעהֵייבִּין דִיא

הַארְץ צוּ קָאכִין פוּן צָארִין, דֶען דִיזֶע לוֹיבּוּנְג, הָאט עֶר גֶערֶעכִינְט, אִיז יֶענֶער דָאס נִיקוּמֶען פוּן אִיהְם רוֹיבֶּען, דֶען בִּיז אַהֶער הָאט עֶר נִיט גִיהֶערְט דָאס זָאנֶענְדִיג אוֹיף קֵיין בָּחוּר אוֹיסֶער אִיהְם.

אוּנ אַזוֹי הָאט אוּנְזֶער נַייעֶר אָרֶעם בָּחוּר גֶעקְרָאגֶען, גְלַייךְ אָנְקוּמֶענְדִיג אִין שְׁטָאט, אַגוּטֶע פְרַיינְדִין, דִיא מֶאדְכֶען וָואס הָאט ווירְקְלִיךְ אַאֲדֶעלֶען הַארַאקְטֶער ווִי עֶר גֶעהַאט אוּנ אַשֵׁינֶא, דֶעם פוּסְטִין שְׁטָאטִיגֶען בָּחוּר, וָואס וַואהְר טַאקֶע זַיין גֶעגֶענְזַאטְץ —.

## 2) דֶער שְׁטָאטִיגֶער בָּחוּר.

אוֹיף מָארְגֶען נָאכִין דַאוְונֶען הָאט זִיךְ אוּנְזֶער יְשִׁיבָה בָּחוּר ווִידֶער גִיזֶעצְט לֶערְנֶען, אוּנ דֶער גַבַּאי אִיז צוּ אִים צוּגִיגַאנְגֶען אוּנ הָאט אִיהְם גִיפְרֶעגְט, וָואס מִיט אִיהְם אִיז, אוּנ עֶר אִיז אִים נִיפֶעלִין גִיוָוארִין דוּרְךְ זַיין שֵׁיין גַיין אוּנ שֵׁיין רֵיידִין, אוּנ הָאט אִים צוּ גֶעזָאגְט צוּ בַּאשְׁטֶעלִין גוּטֶע טֶעג, עֶר הָאט ווירְקְלִיךְ אַזוֹי גֶעטָאן אוּנ הָאט אִים בַּאשְׁטֶעלְט טֶעג בַּיי דִי רַייכְסְטֶע פוּן שְׁטָאט, וָואס אֵיינֶער פוּן זֵיי וַואר אַגִיווִיסֶער ר׳ שְׁלֹמֹה פְּאדְרַאטְשִׁיק אוּנ בַּייא אִיהְם הָאט עֶר גִידַארְפְט עֶסִין שַׁבָּת, נִיט ווִיסֶענְדִיג דָאס עֶר אִיז דֶער פָאטֶער פוּן זַיין הֶערְצֶענְס-גֶעלִיבְּטֶע עֶס אִיז גִיקוּמֶען שַׁבָּת אִיז עֶר אַוֶועק אַהִין, אוּנ אִיז גִיוָוארִין ווִי צוּמִיסְט זֶעהֶענְדִיג דָארְט דִי פְרַיילִין אוּנ זִיא אוֹיךְ דִי זֶעלְבֶּע זֶעהֶענְדִיג אִים, זִיא הָאט אִין שְׁטוּב דֶערְצֵיילְט פוּן זַיין אַוֶועק גֶעבִּין אִיר דִי אוּהְר, אוּנ אַלֶע הָאבִּין אִים אָנְגֶעקוּקְט פְרַיינְדְלִיךְ נִיט ווִיא אַיין יְשִׁיבָה בָּחוּר, אוּנ אַזוֹי הָאבִּין דִי גֶעלִיבְּטֶע גָאט גִידַאנְקְט פַאר דִיזֶען גוּטִין שְׁרִיט אִין דִי וֶועג פוּן לִיבֶּע, דֶען זָאנְסְט וואו וָואלְטֶען זֵייא זִיךְ גִיקֶענְט מֶער זֶעהְן.

צוּ דִיא דְרִיטֶע רֶצָה פַארִין בֶּענְטְשִׁין הָאט אַרַיין גִיטַאנְצְט בַּיי ר׳ שְׁלֹמֹהְן אִין שְׁטוּב דֶער שְׁטָאטִישֶׁער בָּחוּר וָואס מִיר ווֵייסִין אִים שׁוֹין פוּן בֵּית הַמֶדְרָשׁל, גִיקְלֵייד נָאךְ דֶער לֶעצְטֶער מָאדֶע מִיט אַהוֹיכֶע

הוט, אַווייסע הַארץ, עֶכְט שְׁוַוארְצֶע שְׁטִיוִול, אוּנ קוּרְצֶע קְלֵיידֶער גֶעט אוּנ גִיפּוּצְטֶע אַרִיסְטָאקְרַאטֶעס, עֶר הָאט זִיךְ טִיף פַּארְבֵּיינִיגְט פַאר ר׳ שְׁלֹמֹהְן אוּנ זַיין פְרוֹי אוּנ נָאךְ טִיפֶער פַאר זַיין טָאכְטֶער אוּנ הָאט זִיךְ גִיזֶעצְט אוֹיף אַשְׁטוּל, ווִיא אַקוֹיל הָאט אִים דֶערְשָׁאשִׁין זֶעהֶענְדִיג דֶעם נַייעֶם אָרֶעם בָּחוּר דָא, אוּנ דֶער אָרֶעם בָּחוּר הָאט זִיךְ אוֹיךְ פַאר אִים זֵייעֶר דֶערְשְׁרָאקֶען נִיט ווִיסִינְדִיג פַאר וָואס.

דִיזֶען פַארְפוּצְטִין בָּחוּרִס פָאטֶער וַואר אַרַייכֶער אַייזִינְקְרֶעמֶער, אוּנ גִיט עֶר נִיט זַיין פְרוֹי וַוארִין גִיבָּארֶענֶע גְרוֹיס שְׁטֶעטִישֶׁע פוּן רַייכִין שְׁטַאנְד, נָאר דִיא עֶנְדֶערוּנְג פוּן דִיא צַייט אִין דִיא קַאנְטִין דוּרְךְ דִיא אַייזִינְבַּאהְנֶען, הָאט זֵייעֶר לַאנְגֶע אוֹיךְ גִיעֶנְדֶערְט אוּנ הָאט זֵייא פוּן אָרֶעם רַייךְ גִימַאכְט, דֶער אִין דִי צַייט פוּן שְׁטְרוֹיעֶנֶען דִי בַּאהְנֶען הָאט עֶר גִינוּמֶען אוֹיךְ אַכִּיסִיל אוּנְטֶער הַאנְדְלִין מִיט אַייזֶן אוּנ אִיז אִין קוּרְצִין דֶער פוּן זֵייעֶר רַייךְ גִיוָוארִין, אָבֶער גִיבְּלִיבִּין אוּנְווִיסֶענְד אוּנ אָן אַנֶעפִּיל פוּן קִינְדֶער עֶרְצִיהוּנְג זֵייעֶרֶע קִינְדֶער הָאבִּין זֵיי נִיט גִילֶערִינְט קְלֵיינֶערְהֵייט צוּ זַיין אָרֶענְטְלִיךְ אוּנ גוּטְהֶערְצִיג, פַארְקֶערְט אַז אֵיינֶער פְלֶעגְט זִיךְ פַארְנַאנְדֶער וֵויינֶען פְלֶעגִין זֵיי אִים אַיינְשְׁטִילֶען מִיט דֶעם שְׁלָאגִין דִי אִיבֶּערִינֶע, וָואס דָאס מַאכְט גִיוֵוינְטְלִיךְ אוֹיף דֶעם קִינְדְס הַארְץ אַיין אַיינְדְרִיק פוּן פַיינְדְשַׁאפְט אוּנ שְׁלֶעכְטְצַקַייט, קַיין מָאל אִיז בַּייא זֵייא אַרוֹיס גִירֶעכְט אַפְּרֶעמְדֶער קִינְד וָואס פְּלֶעגְט זִיךְ צוּשְׁלָאגִין שְׁפִּילִינְדִיג מִיט זֵייעֶרִין, אִין חֵדֶר פְלֶעגִין זֵיי לוֹיט זוּכִין צוּ מַסֶערִין דֶעם צְווֵייטֶען כַּיין רֶבִּין, אוּנ אַז זֵייא פְּלֶעגִין ווִירְקִין מִיט זֵייעֶרֶע רֵייד מֶען זָאל יֶענֶעם שְׁמַייסִין, זַייעֶן זֵיי גִיוֶועֶן מָלֵא שִׂמְחָה, אוּנ אָפְּט פְלֶעגְט דֶער גוּטֶער מְלַמֵד (אַגוּטֶער מְלַמֵד אִיז וָואס שְׁלָאגְט מֶער דִיא קִינְדֶער אוּנ לָאזְט זֵיי קַיין פְרַייעֶן לוּפְט גִינִיסִין — זֵיי אַלֵיין הֵייסִין דֶעם אַנְדֶערִין גֶעבֶּען אַ פַּאטְש, אוּנ דַאן זַייעֶן זֵיי נָאר גְלִיקְלִיךְ גִיוֶועֶן, זֵיי אָבֶער הָאט

(רי״ב) מען

מֶען קַיין מָאל אַרִיר נִיט גִיטָאן, דֶען זֵיי זַייֶען דָאךְ גְבִירִ'סֶע קִינְדֶער.

אַז זֵיי זַייֶנֶען עֶלְטֶער גִיוָוארִין, הָאבֶּען זֵייא אוֹיךְ קֵיינֶע בִּילְדוּנְג נִיטָאסִין, נִיט גִיפְּרוּפְט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענְשַׁאפְטֶען צוּ וָואס קֶענֶען זֵייא נוּטְצֶען זַיין אִין דִי מֶענְטְשְׁלִיכֶע גִיזֶעלֶענְשַׁאפְט, דָאס זֵיי צוּ לֶערְנֶען. אוּנ פִילַייכְט הָאבִּין זֵיי נִיהַאט גוּטֶע אֵייגֶענְשַׁאפְטִין צוּ קֶענֶען גְרוֹיסֶע קֶענְטֶענִיס, וִוי פִיל אוּנְזֶער יוּגֶענְד, הָאבֶּען וַואזֶע שְׁפַּאשָׁאבְּנָאסְט צוּ וֶוערְן גְרוֹישֶׁע מֶענְטְשֶׁן אוּנ זֵיי וֶוערְן גְרוֹישֶׁע גָארְנִיסְטֶן דוּרךְ שְׁלֶעכְטֶע עֶרְצִיהוּנְג, אוּנ פִירִינְדִיג אַלֶעמֶען אִין אֵיין וֶועג דִי אוֹיךְ וָואס זַייֶען גָאר אוֹיף וָואס אַנְדֶערְס נִיבָּארִין גִיוָוארִין, אוּנ אַזוֹי הָאט אוֹיךְ דֶער נַייֶער גְבִיר זַיינֶע קִינְדֶער גִיהַאדֶעוֶועט אוֹיף דִי מָאדֶע, חָאטְשְׁ זֵיי הָאבִּין נִיט גִיוָואלְט לֶערְנֶען, דָאךְ הָאבִּין זֵיי גִימוּסְט אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ זַיין, עֶר הָאט זֵיי נָאךְ גִינֶעבִּן אוּנ גִישְׁמֵייכִילְט אִיבֶּער דִי מַאסֶען, זֵיי גִיקְלֵיידֶעט זֵייעָר רַייךְ אוּנ זֵיי זַייֶען אַזוֹי גִיבְּלִיבֶּן אוּנְוִויסֶענְד אוּנ שְׁטָאלְץ, שְׁלֶעכְט אוּנ אוֹיךְ נִיט פְּרוּם, וִוי מִיר קָאנֶען שׁוֹין אֵיינֶעם פוּן זֵיי וָואס בִּיז אַהֶער הָאבִּין מִיר אִים גִירוּפִין שְׁטָאטִישֶׁער בָּחוּר, אוּנ פוּן אִיצְט וֶועלִין מִיר אִים רוּפִין זֶרַח וִוי דֶער הַזָּן הָאט אִים אַנָאמֶען גִינֶעבִּין.

זֶרַח אִיז גִיוֶוען דֶער עֶלְסְטֶער פוּן דֶעם אַייזִינְקְרֶעמֶערְס קִינְדֶער, אוּנ וִויא עֶר וַואר פוּן גֶעשְׁטַאלְט זֵייעֶר שֵׁיין הָאט עֶר שׁוֹין אָן מִיה פִיל בֶּעקַאנְשַׁאפְט נִיקְרָאגִין מִיט דִי שְׁטָאטִישֶׁע פְרַיילִינְס, אוּנ עֶר פְלֶעגְט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג בַּארִימֶען פַאר דִי יְשִׁיבָה בָּחוּרִים וִויא קְלוּג אוּנ הֶעלְדֶעס עֶר פִירְט מִיט זֵייא אוּנ פְלֶעגְט זֵייא לוֹיט אָבְּעֶסִין דִיא הַארְץ זָאגִינְדִיג צוּ זֵייא, אִיר וֵויסְט נֶעבֶּעךְ, גָאר פוּן דִיא וֶועלְט נִיט, אִיךְ וָואלְט וִוי אִיר גִיוֶוען נִיט צוּ קֶענֶען פַארְבְּרֵיינְגֶען קַיין מָאל מִיט קַיין פְרַיילִין, וָואלְט אִיךְ נִיט דֶערְהַאלְטִן, וָואס אִיז דָאס פַאר אַלֶעבִּין אַייעֶרֶער?— אִין וַוארְהַייט אִיז זֵייא בֶּעסֶער פַאר אִים גִיוֶוען דֶען אִין אַזֶעלְכֶע זַאכִין וָואס מֶער מֶען לָאזְט זִיךְ אַרַיין, פַארְאִירְט מֶען זִיךְ אַלְץ מֶערֶער, אוּנ

מען

מֶען הָאט מֶער צָרוֹת פַאר נֶחָמָה, אונ צום סוֹף פִירְט דָאס אַוֶועק אִין דֶער הֶעלֶע, אונ גְלִיקְלִיךְ אִיז דֶער וָואס הִיט דֶעם עֶרְשְׁטִין טְרִיט נִיט נֶעבִּין אוֹיף דִיא וֶועג פוּן לֵיידֶענְשַׁאפְט, אונ זָרַחְן אִיז אוֹיךְ נִיט גִינוּג גִיוֶועזִן דִיא פוּלֶע מֵיידְכֶען, עֶר הָאט גִיוָואלְט פִירִין אַלִיבֶּע מִיט הַנְהֶען ר׳ שְׁלֹמֹה'ס טָאכְטֶער אוֹיךְ, אונ עֶר הָאט אִיהר אִין דֶער טְהַאט גִילִיבְּט אוּנְד הָאט גִיוָואלְט מִיר אִיהר הֵיירַאטִין, עֶר פְלֶעגְט אָפְטֶער מַאכִין בַּאזוּכִין אִין אִיר פָאטֶערְס הויז זִיךְ אוֹיסְפּוּצִינְדִיג וִוי אַ חָתָן, אִיר לִיבֶּע צוּ קְרִיגִין, אונ עֶס אִיז לוֹיט גִיוֶועזִן פֶערְלָארֶענֶע מִיה, אונ דֶעם מָאל הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ שֶׁענֶערֶער אָנְגִיצֵיינְגִין אונ אִיז אַרַיין מִיטִין הָאפֶענוּנְג דָאס אִיצְט וֶועט עֶר שׁוֹין פִילַייכְט אִיר הַארְץ אִין זַיין נֶעצְץ פַאנְגִין, אָבֶּער וִוי צָארְנְדִיג אונ בְּרוֹגֶז עֶר אִיז גִיוָוארִין בַּאטְרַאכְטִינְדִיג דָאס זִי קוּקְט אוֹיף אִים אִיצְט נָאךְ וֶוינִיגֶער וִוי פְרִיעֶר אונ דָאס זִי הֵייבְט אַלֶע ווַיילֶע אִירֶע אֵייגֶען אוֹיף דֶעם אָרֶעם בָּחוּר וָואס עֶר הָאט אִים שׁוֹין פַיינְט פוּן פְרִיעֶר, אונ וִוי דֶער שְׁטֵיינֶער אִיז פוּן אַלֶע שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשִׁין נִיט שׁוּלְדִיג צוּא מַאכִין אִין קֵיין זַאךְ זִיךְ זֶעלְבְּסְט נָאר דֶעם אַנְדֶערִין, אַזוֹיא הָאט עֶר אוֹיךְ גִיטְרַאכְט דָאס אִיצְט וָואלְט זִיא אִים שׁוֹין גִיוִויס גִילִיבְּט, וֶוען נִיט דֶער שָׂטָן וָואלְט זִיךְ דָא גִישְׁטֶעלְט אַפִין וֶועג, אונ עֶר הָאט בַּאשְׁלָאסִין בַּיי זִיךְ אִים אַרָאבּ צוּ יָאגֶען פוּן וֶועג מִיט וָואס עֶר וֶועט נָאר קֶענֶען —.

## 3) דֶעם יְשִׁיבָה בָּחוּרְס עֶלְטֶערִין׳

יֶעדֶען מֶענְטְשׁ אִיז פִיל טַייעֶרֶער יֶעדֶער זַאךְ אֵיידֶער עֶר הָאט אִיהר אַלְס עֶר קְרִיגְט אִיהר שׁוֹין, אונ דָאס אִיז אַיינְגִישְׁטֶעלְט אִין דֶער נַאטוּר, אוּם דֶער מֶענְטְשׁ זָאל זִיךְ מַאטֶערִין צוּ קְרִיגִין יֶעדֶער זַאךְ, דֶען וֶוען עֶר וָואלְט לוּסְט צוּא דִיא זַאךְ הָאבִּין פְרִיעֶר וִויא נָאךְ דֶעם, וָואלְט עֶר נִיט ווֶעלִין הָארֶעוֶוען

 אוּנ

און אפטער שטעלין דעם לעבין אין געפאר איהר צו ערנעהרין, אונ אזוי זעהן מיר אויך פיל גרויסע לומדים אונ רבנים, האטין זיי לייבין שטענדיג דעם לערנען אונ דיא לערנערס ליבין זיי דאס ניט אזוי וויא אנדערע, ווייל זייא קענען אליין לערנען איז דאס ביי זייא ניט אזוי טייער ווי ביי די וואס קענען ניט, אונ ביי זיי איז טייערער די גוטע וואס דאס פעלט זיי אונ דאהער טוען געוויינטליך רבנים שידוכים מיט גבירים אונ האבין דאס רוב איידעמס פראסטע מענטשין, אונ מאטערין זיך ניט אזוי פיל זייערע קינדער פאר לומדים צו מאכין וויא אנדערע וואס קענען ניט לערנען, דען עס איז ביי זיי ניט אזוי טייער די זאך וואס זייא אליין קענען, וועו אויך זייא האלטין זיך גרויס געגין אנדערין דער מיט, אבער דער מענטש איז דאך געבויט פון פארשידענע עלעמענטין (יסודות) אונ ענטהאלט אין זיך צווייערליי נאטורעס וואס זייען ריכטיג פארקערט איינער פון דעם אנדערין, צ. ב. ש. וויא שטאלציקייט אונ דעמוטהיגקייט, פיינדשאפט אונ ליבשאפט א. ז. וו., אונ ער באנוצט אפטער דיא ביידע פארקערטע זיטין (מדות) געגין איין זאך, וויא עס פאסט זיך פאר אים, אונ אזויא שטאלצירין זיי מיט לערנען וועגען זייער זעלבסט ליבע דאס טרעבעוועס, אונ האלטין דאס ניט גרויס, אז עס איז פאר זייא נוטציגער אזויא צוהאלטין.

איינער פון אזעלכע לומדים וואר דעם ארעם בחורס פאטער. ער וואר איין עלוי אין זיינער יוגענד, אונ אים האט פאר [illegible] איידעם גענומען א רייכער איד וואס האט ניט ניקאנט לערנען, אונ דאהער האט ער גרייליך גיזוכט פאר זיין איינציגע טאכטער אמאן אווייל לערנער, אונ האט גיקראגין דיזען עלוי, וואס נאך דיא קעסט אונ נאכין שווערס טויט האט ער זיך אויך ווייניג אין געשעפט גימיסט, אונ דיא שניט קראם האט זיין ווייב גיפירט, אונ דאהער וויא אויך דיזע

פְּרוֹי וַואר קְלוּג אוּנ נִישִׁיקְט, דָאךְ גֵייט נִימַאלְס נוּט אַנִישֶׁעפְּט וָואס אַפְּרוֹיעֶנְצִימֶער אִיז דִיא פִּירֶערְקֶע, אוּנ וֵייעֶר קְרָאם הָאט אוֹיךְ אָנְגִיהֵייבִּין אוּנְטֶער צוּגֵיין נָאכִין שְׁוֶועֶרְס טוֹיט, וַוייל פַּאר אַיין פְּרוֹי אִיז גִיוֶועֶן דֶער גִישֶׁעפְּט צוּא גְרוֹיס צוּ פִירֶעןְ אַלֵיין דֶערִיבֶּער אִיז זִיא נִיקוּמֶען צוּא אַנִידֶערִיגֶע לַאגֶע, אוּנ זֵייא הָאבִּין זִיךְ אַזוֹיא גִילֶעבְּט אַקְאנָאמִים, וֶוען אוֹיךְ נִיט נָאר אָרֶעם, דָאךְ אַלְס יוֹרְדִים.

אוּנזֶער דָוִד אִיז נָאךְ אִין דִיא עֶרְסְטֶע בֶּעסֶערֶע צַייטִין נִיבָּארִין גִיוָוארִין אוּנ הָאט קַיין עֶרְצִיהוּנְג גִינָאסִין פוּן פָּאטֶערְס זַייט, דֶען עֶר (דֶער פָּאטֶער) אַלֵיין הָאט נָאךְ עֶרְצִיהוּנְג גִידַארְפְט, דֶען עֶר וַואר נָאךְ דַאן גַאנְץ יוּנְג אוּנ הַאלְבּ ווילְד אוּנ דְזִיק דוּרְךְ דִי גְרוֹיסֶע עֶהְרֶע וָואס אַלֶע הָאבִּין אִים גִיגֶעבִּין, אוּנ דוּרְךְ דִיא פְּלוּצְלִיכֶע פַארְבֵּיטוּנְג פוּן אַיִשִׁיבָה בָּחוּר אוֹיף אַגְבִירְס אַיין אֵיידֶעם, דָאךְ הָאט פַאר אִים וָואס וַואר פוּן נַאטוּר גוּט, גֶעהָארְזַאם אוּנ פֵייהִיג אִיז פַאר אִים גִינוּג גִיוֶועןְ דִי מוּטֶערְס עֶרְצִיהוּנג, וָואס זִי וַואר גַאנְץ קְלוּג אוּנ גֶעלַאסִין אוּנ אִיז דַאהֶער מִיטִין מַאן אוֹיךְ אוֹיסְגִיקוּמֶעןְ אָן צַאנְק.

אִין דִי לֶעצְטֶע צַייט הָאט דֶער פָּאטֶער גִיהֵייסִין דָוִדִין צוּנֶעמֶען פוּן לֶערְנֶען אִין גֶעשֶׁעפְט, דֶען לֶערְנֶען קֶען עֶר דָאךְ —; אָבֶּער דָוִד הָאט קֵיינֶע נַאטִירְלִיכֶע נֵייגוּנְג צוּם גִישֶׁעפְט גִיהַאט, אוּנ וַואר גִישַׁאפִין נִיט מִיט דִיא הֶענְט נָאר מִיטִין קָאפּ צוּ אַרְבֶּעטִין, דְרוּם הָאט עֶר דִיא מוּטֶער גִיבֶּעטִין זִי זָאל אִים אוֹיף הוֹצָאוֹת גֶעבִּין אוּנ עֶר וֶועט בֶּעסֶער גֵיין לֶערְנֶען אַנְדֶערְס וואוּ, אוּנ אִיז טַאקֶע אַוֶועק אָן פָּאטֶערְס וִויסִין, ווִי מִיר הָאבִּין אִים שׁוֹין גִיזֶעהֶען אִין נ-עֶר בֵּית הַמֶּדְרָשׁ —.

## 4) דִי רֶעוִיזְיֶע.

דָוִד הָאט זִיךְ גִילֶערִינְט רוּהִיג דֶעם גַאנְצִין זוּמֶער, דֶען זַיין שׂוֹנֵא זֶרַח הָאט אִים נִיט נִיקֶענְט קֵיינֶע שְׁלֶעכְטֶעס טָאן, זָאגִין דָאס עֶר לִיבְּט זִיךְ

זִיךְ מִיט דֶעם פַּאדְרַאצִיקְס טָאכְטֶער וִויא עֶר פַּארְשְׁטֵייט , וָואס דָאס אִיז גִיוֵוייְנְלִיךְ בַּיי אוּנְז אַגְרוֹיסֶער זִינְד , הָאט זָרַח זִיךְ גִישֶׁעמְט מֶען זָאל נִיט זָאגִין דָאס זִיא הָאט אַיְשִׁיבָה בָּחוּר אוֹיסֶדֶערְוֵוייְלְט אֵיידֶער אִים , אוּנ קֵיין אַנְדֶער זִינְד הָאט עֶר אוֹיף אִים נִיט גִיפוּנֶען . אוֹיסֶער דֶעם אִיז עֶר גִיוֶוען פַּארְטָאן אִין בָּאדִין זִיךְ , אוּנ שְׁפַּאצִירִין גֵיין , אוּנ הָאט קֵיין צַייט גִיהַאט וָואס צוּ טָאן וֶוענִין דֶעם , אוּנ דָוִד הָאט זִיךְ אָן גִילֶערִינְט אַסַאךְ גְמָרָא , אוֹיךְ הָאט עֶר גִיקְרָאגִין עֶטְלִיכֶע מְלִיצָה סְפָרִים ; אוּנ וִוי עֶר הָאט תָּנַךְ פוּן פְרִיעֶר גוּט גִיוואוּסְט , הָאט עֶר זִיךְ דָא אוֹיסְגִילֶערִינְט רֵיין צוּ שְׁרַייבִּין מְלִיצָה בְּרִיף אוּנ שִׁירִים ; עֶר פְלֶעגְט אָפְט קְרִיגִין אַרוּשִׁישֶׁען אָדֶער אַדַייטְשִׁישֶׁען בִּיכֶעל , אוּנ פְלֶעגְט זֵייא לֶעזֶען וִוי עֶר הָאט וֵוייְנִיג דִיזֶע שְׁפְּרַאכֶען גִיקֶענְט , דֶער רֶעכְטֶער צִיל אָבֶּער זַיינֶער אִיז גִיוֶוען דֶער לֶערְנֶען דִי גְמָרָא , דֶען עֶר הָאט וִוירְקְלִיךְ גִירֶעכִינְט צוּ וֶוערֶען מִיט דֶער צַייט אַ רָב , אוּנ נָאר נִיט צוּ זַיין נָאר אוּנְוִויסֶענְד , הָאט עֶר גְלֶערִינְט אַבִּיסֶל זַיִיטִינֶע קֶענְטֶענִים אִין גִיהַיימְנִיס , אָבֶּער וִוי דֶער ווִינְטֶער אִיז אַנְגִיקוּמֶען , אוּנ זָרַח אִיז גִיוָוארִן אַגְרֶעסֶערֶער אַיינְגֵייעֶר אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ , הָאט עֶר גִינוּמֶען הִיטִין דָוִדְס טְרִיט אוּנ הָאט אִיהְם גִיחַאפְּט אַמָאל בַּייא נַאכְט זַייעֶנְדִיג פַּארְטְרַאכְט אִיבֶּער אַדַייטְשֶׁעסִין בִּיכִיל , עֶר הָאט גְלַייךְ אוּפְגִיוֶועקְט אַלֶע יְשִׁיבָה בָּחוּרִים וָואס הָאבִּין שׁוֹין גִישְׁלָאפִין מִיטִין שַׁמָשׁ אוּנ מֶען הָאט צוּגִיגוּמֶען פוּן אִים דֶעם בִּיכִיל אוּנ זֵייא הָאבִּין גִימַאכְט אַרֶעוִויזִיֶע אִין דָוִדְס קֶעסְטִיל אוּנ הָאבִּין דָארְט גִיפוּנֶען נָאךְ אֵיינִיגֶע סְפָרִים , הֶעבְּרֵייעֶסֶע , רוּסִיסֶע אוּנ דַייטְשִׁישֶׁע , אוּנ מָארְגֶן הָאט דֶער מִיט גִיקָאכְט דֶער בֵּית הַמֶּדְרָשׁ , אַלֶע הָאבִּין דָוִדִין אָנְגִיקוּקְט בִּיסְטְרֶע אוּנ גִיזִידִילְט , דִי קִינְדֶער הָאבִּין פוּן אִיהְם גִילַאכְט , אוּנ עֶר הָאט קֵיין וָוארְט גִיקֶענְט רֵיידִין , אוּנ עֶס אִיז אִים גֶעבֶּעךְ דִיא וֶועלְט אֵייגְג גִיוָוארִין , בִּיז ר׳ שְׁלֹמֹה פָּאדְרַאצִיק אִיז צוּ אִים צוּגִינַאנְגִין אוּנ הָאט אִים אַוֶועק גִיפִירְט צוּ זִיךְ , דֶען עֶר

הָאט נָאר אַנְדֶערֶע מֵיינוּנְגֶען וֶועגֶן דָוִדין גִיהַאט, אוּנ אִים אִיז עֶר נָאךְ מֶעהר גִיפֶעלִין גִיוָוארִין דוּרְךְ דִיזֶען גַייעס.

דִיא יְשִׁיבָה בְּחוּרִים הָאבִּין דָוִדִין נִיט הָאלְט גִיהַאט אִיבֶּער זַיין שֶׁענֶערִין גֶעשְׁטַאלְט, זַיין בֶּעסֶערִין פִיהְרוּנְג, אוּנ זַיין מֶער קֶענֶען לֶערְנֶען וָואס דִיזֶע אַלֶע זַייעֶן אִימֶער אוּנְפֶערְצֵיילִיכֶע זִינְד, אוּנ וִויא זֵיי הָאבִּין זִיךְ דֶערְוְואוּסְט דָאס עֶר לֶערִינְט קֶענְטֶענִים אוֹיךְ, אַזוֹי הָאט עֶר דָאךְ נָאךְ אַמַעֲלָה מֶער פַאר זֵייא, הָאבִּין זֵייא אִים נָאךְ פַיינְטֶער גִיקְרָאגִין אוּנ הָאבִּין אַיין אָרְט גִיפוּנֶען זִיךְ נוֹקֶם צוּ זַיין אָן אִים, אוּנ זִיךְ אַבִּיסִיל פַארְגֶרֶעסֶערִין דֶער מִיט וָואס זֵייא לֶערְנֶען קֵיינֶע קֶענְטֶענִיס, בַּיי דִיא פַארְפְרוּמְטֶע מֶענְטְשִׁין, דֶען אַז דִי וָואס נֶעמֶען זִיךְ אָן גָאטְס קְרִיווְדֶעס, וָואלְטִין ווִירְקְלִיךְ פוּן גָאטְס קְרִיווְדֶע וֶועגִין מֵיינֶען, דַאן וָואלְטִין זֵייא זִיךְ נִיט דַארְפִין פְרֵייעֶן, נָאר פַארְקֶערְט נָאךְ פַארְזָארְגְט וֶוערִין אַז זֵיי גִיפִינֶען אֵיינֶעם וָואס טוּט גָאט ווִידֶער ווִילֶען נָאךְ זֵייעֶר גִידַאנְקִין נָאךְ; אוֹיךְ וָואלְטִין זֵיי רוֹדֵף זַיין ווִי דֶעם וָואס זֵיי, גִיפִינֶען עֶסִינְדִיג אוּם תִּשְׁעָה בְּאָב, אוֹיךְ דֶעם וָואס הוּלֶעט נִיט אוּנ אִיז נִיט פְרֵיילִיךְ אוּם יוֹם טוֹב, דֶען דָאס אִיז אוֹיךְ אַזִינְד גֶעגֶען גָאט, אָבֶּער אַז זֵיי ווִילִין גִיפִינֶען אוֹיף יֶענֶעם זִינְד אוּנ זוּכִין צוּ גִיפִינֶען אוּנ אַז זֵיי גִיפִינֶען שׁוֹין, וֶוערִין זֵייא מָלֵא שִׂמְחָה, וִויא דִיזֶע יְשִׁיבָה בְּחוּרִים, אִיז דָאס אַצֵייכִין אַז זֵייא נֶעמֶען זִיךְ נִיט אָן פַאר גָאט, נָאר מִיט זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע הֶערְצֶער דָאס זֵייא פַארְגִינֶען נִיט יֶענֶעם זַיין רוּה אוּנ לֶעבִּין, טוּעֶן זֵייא זֵייעֶרֶע טְהַאטִין, אוּנ דַאהֶער אַרְט זֵיי נִיט אַז יֶענֶער אִיז עוֹבֵר אַיין עֲבֵירָה אוּנ הָאט קַיין הֲנָאָה דֶער פוּן וִויא צ. בּ. שׁ. נִיט הוּלֶענֶען אוּם שִׂמְחַת תּוֹרָה אָדֶער פּוּרִים —.

אָבֶּער ר׳ שְׁלמֹה וָואס אִיז גִיוֶועזֶען אַמֶענְטְשׁ מִיט גִיפִיל אוּנ אֵיינִיגֶע מַאסֶען גִיבִּילְדֶעט, אוּנ הָאט זַיין טָאכְטֶער הֲנָהֶען אוֹיךְ גִילָאזְט לֶערְנֶען וִויסֶענְשַׁאפְט, עֶר הָאט זִיךְ עֶרְבַּארֶעמְט אִיבֶּער דָוִדִין, אוּנ וִויא עֶר

הָאט פַארְשְׁטַאנֶען דָאס מֶען וֶועט אִים שׁוֹין מֶער קֵיין טֶעג גֶעבִּין, הָאט עֶר אִים אַרַיין גִּינוּמֶען צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּבּ עֶר זָאל עֶסִּין אוֹיף זַיין טִיש אוּנ זָאל מִיט זַיין טָאכְטֶער לֶערְנֶען הֶעבְּרֵייעֶס אוּנ זִיא וֶועט אִים לֶערְנֶען רוּשִׁים אוּנ דַייטְשׁ, אוּנ אַזוֹי אִיז גָאר דָוִד'ן אַגְלִיק גִישֶׁעהְן דוּרְךְ דֶעם וָואס זָרַח מִיט זַיין קָאמְפַּאנֶיע הָאבִּין אִים אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִיוָואלְט מַאכִין, אוּנ זָרַח הָאט דָאס גִיזֶעהְן אוּנ הָאט שִׁיר דִיא פָּאפְּלֶעקְצֶע בַּאקוּמֶען.

## 5) דִיא רֶעטוּנְג.

דָוִד הָאט בַּיין פָּאדְרַאצִיק אִין שְׁטוּבּ אָנְגִיהֵייבִּין צוּ לֶערְנֶען מֶער קֶענְטֶעגִים אוּנ וֵוייניגֶער גְּמָרָא, אוּנ עֶר אִיז דֶערְגַאנְגִין גוּט אִידֶעשֶׁע הִיסְטָארְיֶע אוּנ הָאט אַגוּטִין בַּאגְרִיף אִין גַאנְצִין הֶעבְּרֵייעֶשִׁין לִיטֶערַאטוּר גִיקְרָאגִין; דֶער צִיל פוּן רַבָּנוּת, הָאט אִים זִיךְ שׁוֹין נִיט גִילוּסְט, אוּנ פְּלֶעגְט דַאהֶער אוּמְגֵיין שְׁטֶענְדִיג פַארְטְרַאכְט וֶועגִין זַיין תַּכְלִית, אוּנ וֶועגִין אֵיינִיגֶע רֶעלִיגְיָאזֶע אוּפְקְלֶערִין; אֵיין מָאל אִיז עֶר זִיךְ אַזוֹיא גִינַאנְגִין אֵיינֶער אַלֵיין שְׁפַּאצִירִין לֶעבִּין אַוַואלְד נִיט וַוייט פוּן שְׁטָאט אוּנ הָאט זִיךְ גִיטְרַאכְט זַיינֶע גִידַאנְקִין וִויא גִיוֵויינְלִיךְ, פְּלוּצְלִינְג הָאט עֶר דֶערְזֶען וִויא אֵיין הֶערְר שְׁטֵייט לֶעבִּין אֵבּוֹים מִיט אַפִּיסְטָאלֶעט אִין הַאנְד, אוּנ צִילְט צוּ שִׁיסֶען אוֹיף אַדַאמֶע מִיט אַהֶערִין וָואס גֵייעֶן פוּן וַוייטִין. דָוִד הָאט אִים אָנְגִינוּמֶען הַאסְטִיג פוּן הִינְטִין דָאס דֶער פִּיסְטָאלֶעט אִיז אַרָאבּ גִיפַאלִין אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנ דֶער הֶערְר הָאט זִיךְ פוּן אִים נִיט גִיקֶענְט אַרוֹיסְדְרֵייעֶן, זֵייא הָאבִּין זִיךְ אַוַויילֶע גִירַאנְגִילְט בִּיז דִי דַאמֶע מִיטְן הֶערִין זַיינֶען נָאהְנְט צוּ גִיגַאנְגִין, דֶער הֶער מֵיינֶענְדִיג אַז דָוִד אִיז אַמֶערְדֶער וָואס וִויל דֶעם הֶערְן בַּארוֹיבִּין, הָאט עֶר אַיין גִישְׁרֵייא גִיטָאן צוּ דָוִד'ן: וָואס וִוילְסְטוּ פוּן אִים?

– דָוִד אִיז שׁוֹין פַארְמַאטֶערְט גִיוֶוען אוּנ הָאט קַאם אוֹיסְגִירֶעט דָאס דֶער הֶערְר הָאט זֵייא גִיוָואלְט שִׁיסִין מִיט דֶעם פִּיסְטָאלֶעט וָואס

דָא לִיגְט אוּנ עֶר הָאט אִים אָבְּגִיהַאלְטִין – . דִיא דַאמֶע הָאט גְלַייךְ דֶערְקֶענְט דֶעם הֶערְרְן אוּנ הָאט גִיזָאגְט זֵייעֶר צוּשְׁרָאקִין אַז עֶס אִיז ווִיא דָוִד זָאגְט, דֶען דִיזֶער הֶערְר הָאט אִיר גִילִיבְּט אֵיידֶער זִיא הָאט גִיהֵייַרַאטֶעט אוּנ ווַייל זִיא הָאט אִים עֶנְטְזַאגְט, הָאט עֶר גִיזָאגְט דָאס עֶר וֶועט רַאכֶע נֶעמֶען, אוּנ ווָאלְט דָאס אִיצְט אוֹיסְגִיפִירְט וֶוען נִיט דָוִד. דִיא דאמֶע ווַאר דֶעם גוּבֶּערְנַאטָארְס טָאכְטֶער אוּנ דֶער הֶער אִיר גֶעמַאהְל, דֶער לֶעצְטֶער הָאט גְלַייךְ אָנְגִינוּמֶען דֶעם אָדוֹן, אוּנ עֶר מִיט דָוִדְ'ן הָאבִּין אִים אָנְגִיהֵייבִּין צוּטַאסְצֶעגֶען אִין שְׁטָאט, ווִיא זֵייא זַיינֶען גִיקוּמֶען נָאנְט צוּם שְׁטָאט, הָאבִּין זֵיי אִיהְם אִיבֶּערְגִיגֶעבִּין צוּ סָאלְדַאטִין ווָאס זֵיי הָאבִּין בַּאגֶעגְנְט, אוּנ דָוִד אִיז מִיט גִינַאנְגִין צוּם גוּבֶּערְנַאטָאר, עֶס פַארְשְׁטֵייט זִיךְ דָאס אַלֶע זַיינֶען פַארְווָאוּנְדֶערְט גִיוָוארִין צוּ זֶעהְן דָוִדְ'ן גֵייעֶנְדִיג מִיטְ'ן גוּבֶּערְנַאטָארְס טָאכְטֶער בִּיז מֶען אִיז דֶערְנַאנְגִין דִי מַעֲשֶׂה, אוּנ דָאס פַארְשְׁטֵייט זִיךְ אוֹיךְ דָאס דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט גְרַיילִיךְ גִידַאנְקְט דָוִדְ'ן, אוּנ עֶר הָאט צוּ אִים גִיזָאגְט דָאס זַיין הוֹיז אִיז אָפֶען פַאר אִים וֶוען עֶר וֶועט ווָאס קוּמֶען בֶּעטִין בַּייא אִים, דֶער אֵיידֶעם הָאט אִים גִישֵׁיינְקְט אַנָאלְדֶענֶעם זֵייגֶער אוּנ דִי טָאכְטֶער הָאט אִים גִיגֶעבִּין אַטַייעֶרִין רִינְג, אוּנ אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ גִיזֶעגִינְט מִיט אַלֶעמֶען פְרַיינְדְלִיךְ אוּנ אִיז אַוֶועק.

# 6.

## אַיין אִינְטֶערַאסֶענְטֶער גֶעשְׁפְּרֶעךְ.

דָאךְ אִיז קַיין גוּטֶעס אוֹיף דֶער וֶועלְט גִיטָא עֶס זָאל זִיךְ נָאר קַיין ווֵיינִיג שְׁלֶעכְטֶעס דְרִינֶען גֶעפִינֶען, אוּנ אַזוֹי אוֹיךְ דִיזֶער גְלִיק ווָאס הָאט דָא דָוִדְ'ן גִיטְרָאפִין, הָאט אִים גְרוֹיסֶע זָארְג אוּנ הֶערְצֶענְס לֵיידִין אָנְגִימַאכְט, דֶען אַז עֶר אִיז בַּיין גוּבֶּערְנַאטָאר גִיוֶועזֶען, הָאט עֶר אִים

גיפרענט צו ער קען גוט דיא רוסיסע שפראכע דאן וועט ער אים דיא בעסטע שטעלע אין זיין קאנצעלאריע געבין, אבער ער האט דאך גימוסט זאגין דיא ווארהייט דאס ער וואר נאך ניט פאלקאם אין דיזע שפראכע, אלזא האט ער אים מער ניט צו געזאגט צו ערפילען זיינע פארלאנגין ווען ער וועט אים בעטין, אונ דאס האט אים גיגריזעט אין הארצין אונ גינומען דעם לעבין.

א, מיין ליבסטע, האט ער אמאל גיזאגט אין אלאנגין גישפרעך צו חנה'ן, וואלט איך דיא רוסיסע שפראכע גוט גיקענט דאן וויא גליקליך וואלט איך גיוועזן, אגרויסע שטעלע מיט געלט אונ עהרע וואלט איך גיהאט, אונ עס וואלט אונז גרינג גיוועזן צו קומען צו אונזער ציל, דען דיינע עלטערין וואלטין מיר דאן גיוויס פאר איין איידעם גיוואלט האבין, אבער איצט וויים איך גאר ניט פון וואס איך וועל לעבין אויף גאטעס וועלט, אונ צוקומען צו אונזער וואונש איז קיין וועג דא. א, בעסער וואלט איך גאר קיין ביסיל קענטעניס אויך ניט גיוואוסט, דאן וואלט איך לוסט גיהאט צו לעבין פון רבנות אדער פון לערנען מיט קינדער, אונ דאן וואלט איך אויך קיין גיפיל גיהאט צו פארשטיין וויא גוט עס איז אזא פרוי וויא דוא בינסט צו האבין, אונ וואלט גיקענט נעמען איינע פון די קצבעסע אדער באנדערסע אונוויסענדע טעכטער ווי אנדערע ישיבה בהורים, אבער אומגליקליך בין איך דאס איך בין אראב פון דיא אלטע וועג אונ צו קיין נייע ניט גיקומען, איך וויים וואס גוט איז, אונ בין ניט ווערט צו האבין!

-- ווארף זיך ניט אזוי העראב, האט חנה זיך אבגירופין, אונ איך זאג פארקערט דאס נאר אזעלכע מענטשין וויא דוא זיינען דיא בעסטע אויף דער וועלט, דען פון איין זייט זעה איך אונוויסענדע מענטשין, וואס ווייסין אליין ניט אונ לערנען דיא קינדער ניט קיין זאך וואס נוצט צו דיא וועלט, ווייל זייא זאגין שטענדיג, דאס דיא

וועלט איז הֶבֶל הֲבָלִים! חָאטְץ אִין זֵייעֶרֶע הַנְדְלֶען מַאכְין זֵייא אַלֶע פַאלְשִׁין מִיטְן צְווייטִין אוּם צוּ פַארְבֶּעסֶערִין זֵייעֶר לַאנְגֶע אוֹיף דֶער וועלְט, אָבֶּר דָס הֵייבִּין זֵיי גִיוֵויינְלִיךְ אָן צוּ טָאן אַז זֵיי גֵייעֶן אַרוֹיס פוּן דִי עֶלְטֶערִינְס הַייזֶער נָאךְ קֶעסט אוּנ הָאבִּין גָאר נִיט פוּן וַואנֶעְנְט אָן צוּא הֵייבִּין צוּא לֶעבִּין אוֹיף דֶער וועלְט אוֹיסֶער פוּן שְׁווינְדִיל אוּנ אָבְּנַארִין דֶעם צְווייטִין, אָבֶּער צוּא עֶרְצִיהֶען דִיא קִינְדֶער אִין אָרְדֶענוּנְג אוּנ זֵייא צוּא מַאכִין פַאר מֶענְטְשִׁין זֵייא זָאלֶען קֶענֶען רוּהִיג אוּנ עֶרְלִיךְ לֶעבִּין נִיט וִויא זֵייא, אוֹיף דְרוּף זָאגִין זֵייא: וָואס וֶועלִין מִיר מַאכִין פַארַאנְדֶקֶעס אוֹיף דִיא הֶבֶלְדִיקֶע וועלְט, זִיא אִיז וִוירְקְלִיךְ אַזוֹי צוּ אַזוֹי אַלְץ גָאר נִיסְט! וָואס דָאס הָאבִּין מֶער נִיט גִיקֶענְט זָאגִין אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין אִין מִיטֶעל אֶלְטֶער צַייט וָואס הָאבִּין נִיט גִיקֶענְט לֶעבִּין אוֹיף דֶער וועלְט מִיט רוּה אוּנ פַארְגֶענִיגֶענְד אָבֶּער אִיצְט אַז מִיר קֶענֶען אוֹיךְ רוּה אוּנ פַארְגֶענִיגֶענְד הָאבִּין דֶען דִי פֶעלְקֶער זֵייעֶן אוּנְז שׁוֹין נִיט רוֹדֵף זִוי פַארְצַייטִין, וָוארוּם זָאלִין מִיר זָאגִין אַז דִי וועלְט אִיז הֶבֶל אוּנ וָואס וועט הֶעלְפִין אוּנְזֶער זָאגִין — .

אוּנ פוּן אַנְדֶערִין זַייט זֶעה אִיךְ גָאטְלָאזֶע מֶענְטְשִׁין וָואס פִירִין זִיךְ אוּנ זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אָן תּוֹרָה, אָן תְּפִלָּה וָואס דִיזֶע בְּרֵיינְגֶען צְוַואר צוּם אֵייבִּיגֶען גְלִיק וָואס מִיר קֶענֶען נִיט לֵייקֶענֶען אוֹיף דִיא קוּמֶעדִיגֶע וועלְט, דֶען צְוַואר אִיז אוֹיף דֶער וועלְט, מֶער שְׁלֶעכְטְס דָא וִויא גוּטְס, אוּנ נָאךְ מֶער דָאס דִיא שְׁלֶעכְטְס הָאבִּין דָאס רוֹב דִיא גוּטֶע מֶענְטְשִׁין אוּנ דִיא גוּטְס דִיא שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשִׁין, אוּנ וֶוען אוֹיף דִיא קִינְפְטִיגֶע וועלְט וָואלְט נִיט פַארְקֶערְט זַיין, דַאן וָואלְט דָאךְ דֶער בַּאשֶׁעפֶער אוּמְגִירֶעכְט בְּלַייבִּין. אָבֶּער דִיזֶע מֶענְטְשִׁין זֵייעֶן קַאלְט אִין גְלוֹיבִּין אוּנ הִיטְן נִיט וָוס גָאט הָט גִיהֵייסִין מִיט מֶענְטְשִׁין פִירִין זֵייא זִיךְ אַפִילוּ בֶּעסֶער אוּנ עֶרְלִיכֶער, וַוייל זֵייא זַיינֶען רֵייכֶער, וִויא זַיינֶען נוּטְצְבַּארֶע מֶענְטְשִׁין צוּ דִיא וועלְט

גיוויינטליך, אונ דארפין ניט לעבין פון ווינט, אונ דאס אויך ווייל זייא האלטין דאך גרייליך פון דיא וועלט, איז זייא שווערער צוא טאן שלעכטעס דעם צווייטין אין דיא וועלטליכע אינטערעסין ניט וויא יענע וואס האלטין דיא וועלט פאר גאר ניסט פארין צווייטין דאך אז עס קומט זייא צוא דער האנד אגרויסער אקט, וואס מען קען פון אים אסך פרפיט האבין, דאן טוען זיי עס גריילין, ווייל מיט דיא סך געלט וואס זייא וועלין דורך אים באקומען, וועלען זיי קענען זייער עהרע באשיינען נאך מער וויא פריער, וואס בייא זייא שפילט די עהרע דיא גאנצע ראָלע ניט דיא אמונה, וואס נאר זי קען אבהאלטין פון גרעסטין אקט וואס קען רייך מאכין, ווען דער מענטש איז ניט איינגיוויינט צו טאן אזעלכע אקטין, ווען אויך ער איז איינגיוויינט צו דרייען אין זיינע נישעפטין איבער איין קאפייקע – אבער מיט גאט פירין זיך אונזערע ניימאדישע אידין נאר שלעכט, זיי זיינען טאג אין טאג עובר אויף עטליכע פארזאגין אונ האבין קיינע אידעשע געפילען אויסער דעם נאמען איד –.
אונ אזויא זיינען גאנץ וויניג וואס בייא זייא זאל זיך פאראייניגין דער גלויבען מיט וויסענשאפט, דיא ערליכקייט מיט לייטין אונ דיא פרומקייט מיט גאט, אונ דיא גליקין פון דיא וועלט מיט דיא קומענדינע, וואס דיר ניפין איך איינעם פון דיזען קליינעם בעסטין צאל מענטשין אונ דוא וועסט נאך שפעטער דער גיין מער קענטענים, וועסטו מאקע זיין לייטין גלייך –.

דיינע רייד זיינען מיר טייער, האט דוד גיענטפערט, אונ זיי האבן מיר גרינגער אויפין הארצין געמאכט, דאך זאגסטו אליין ליבע, דאס עס זיינען וויניג דיזער סארט מענטשין, אונ וויא עס איז באוואוסט לעבין דיא וויינינערע איבעראל שלימער אויף דער וועלט –.

איצט גיפינגען זיך שוין מער אַזעלכע מענטשין וויא פּאַרהער אונ מיט דער צייט וועלין זייא זיך מערין אָן צווייפעל, אונ ניט פאַרגעס דאָס מיין פּאָטער איז אויך פון דיזען סאָרט מענטשין, אַלזאָ דאַרפסטו דעם האָפענונג ניט פאַרלירין —. מיט דיזע ווערטער וואס חנה האָט גירעט אַביסיל איבערגעראָסט, האָט זיך זייער גישפּרעך גיענדיגט דיזען מאָל.

## 7.

## זרח'ס שלעכטשקייט.

דוד האָט זיך גינומען פעסטער צו קענשאַפט, אונ איבערהויפּט צו דערלערנען דיא רוסישע גראַמאַטיקע ביז גרונד, אָבער זרח זיין בלוט פריינד האָט ניט גיקענט זעהען וויא רוהיג ער לעבט זיך אונ נאָך מער דאָס ער האָט אים זעלבסט צו דיא לאַנגע גיבראַכט, אונ זיך נאָך פאַדלער גימאַכט ביי ר׳ שלמה'ן אין הויז. ער האָט שוין נאָר אופניהערט צו האָפין חנה'ס ליבע צו קריגין, דאַהער האָט ער איר מיט איר געליבטין פראָסט גיוואָלט אָן טאָן צרות אַלס ראַכע —. ער האָט גיקויפט פאַלשע מטבעות אונ ער האָט זייא באַהאַלטין אין דודס צימער אונ האָט דאַנאָשעוועט דעם פאָליצמייסטער דאָס ביי ר׳ שלמה'ן איז פאַראַן פאַלשע מטבעות.

מען האָט גימאַכט איין אָביסקע אונ מען האָט טאַקע גיפונען, אַלע הויז לייט האָט מען אַריין גיזעצט, נאָר דורך אַפאַרענקע זייען זייא ליידז גיקומען אין אַקורצע צייט, אָבער פאַר דודין וואָס איז ניט קיין שטאָטישער, אונ בפרט נאָך אַהאַלבער אפּיקורוס, האָט קיינער קיין פאַרענקע ניגעבין אונ ער איז זיך גיבליבין זיצין נעבעך אַליין אונ עלענד.

ר׳ שְׁלמֹה הָאט זיך גִימַאטֶערְט רֵיין צוּ מַאכֶין פוּן דֶעם זיך אוּנ אוֹיך דָוִדֵין, אָבֶער עֶס הָאט נִיט גִיהָאלְפִין, בִּיז עֶס אִיז אַמָאל דֶער גוּבֶערְנַאטָאר דוּרְך גִיגַאנְגֶען דִיא טִיוּרְמֶעס, אוּנ הָאט יֶעדֶער רַאסְטַאנְט גִיפְרֶעגְט אוֹיף זַיין זִינְד אוּנ אַז עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּ דָוִדֵין, הָאט עֶר אִים דֶערְקֶענְט.

דָוִד אִיז אִים צוּ דִיא פִּיס גִיפַאלִין אוּנ הָאט גִיזָאגְט מִיט גִיוַויין, דָאס דִיא מַטְבֵּעוֹת זַיינֶען גִיוֶוען אוּנְטֶערְגִיוָוארְפֶענֶע, דֶער גוּבֶערְנַאטָאר הָאט פַארְשְׁטַאנֶען דִיא רִיכְטִיקַייט אוּנ הָאט גִימַאכְט גְלַייך אַסְלֶעצְטְוָוא נָאר צוּם שַׁיין, אוּנ אַלֶע זַייעֶן אַרוֹיס רֵיין דֶער פוּן.

דָוִד הָאט זיך צוּרִיק צוּ ר׳ שְׁלמֹהֶען אִין שְׁטוּב אוּמְגִיקֶערְט, אוּנ זֶרַח הָאט וִוידֶער נִיט אוֹיסְגִיפִירְט, צְוַואר הָאט קֵיינֶער גִיוואוּסְט אַז דָאס הָאט עֶר גִיטָאן, אָבֶער דָוִד הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אַז דָאס אִיז זַיין אַרְבֶּעט, עֶר הָאט אָבֶער דָאס פַאר קֵיינֶעם נִיט גִיזָאגְט נִיט וִויסִינְדִיג קְלָאר.

זֶרַח הָאט אָבֶער נִיט גִירוּהְט אוּנ הָאט לוֹיטֶער גִיזוּכְט שְׁלֶעכְטְץ צוּ טָאן. עֶר הָאט זיך פַארְשַׁאפְט אַוֶויסִין קִיטִיל מִיט אַלַייעֶך, אוּנ וִויא פוּן הַנֶהֶס צִימֶער אִיז אַרַיין אַפֶענְשְׁטֶער אִין אַנָארְטִין, פְלֶעגְט עֶר בַּייא נַאכְט פַארְבַּייא לוֹיפִין לֶעבִין פֶענְצְטֶער אָנְגִיצֵיינְין אִין חַייסִין אִיר צוּדֶערְשְׁרֶעקֶען מִיט דִיזֶען טוֹיט שְׁרֶעקֶענִים.

חַנָה הָאט זיך זֵייעֶר דֶערְשְׁרָאקִין דֶער פוּן, וְוִויא אוֹיך זִיא אִיז גִיבִּילְדֶעט גִיוֶוען, אוּנ הָאט דָאס עֶנְדֶעקְט פַאר דָוִדִין, אוּנ עֶר הָאט גְלַייך פַארְשְׁטַאנֶען דָאס זֶרַח אִיז דָא אִין דֶעם שְׁפִּיל אוֹיך, דַאהֶער הָאט עֶר צוּ אִיר גִיזָאגְט: שְׁרֶעק זיך נִיט דֶער פַאר, דֶען דָא אִיז אֵיינְס פוּן דִיא בֵּיידֶע: אָדֶער עֶס דַאכְט זיך דִיר, אָדֶער אַמֶענְטְשׁ טוּט דָאס מִיט פְלַייס דִיר צוּשְׁרָעקִן —.

איך

איך האב אויך צום ערשטין גירעכינט דאס עס קען זיין עס האט זיך מיר גידאכט, האט חנה גיענטפערט. אבער וויא איך האב דאס שון עטליכע מאל גיזען, בין איך שוין גאר וויא צומישט וועגען דעם, דען וואס פאר אמענטש אונ פאר וואס זאל מיר ווער דאס טאן?

אונ איך וועל דאס היינט בייא נאכט דערגיין, האט איר דוד פארזיכערט, אויב דאס וועט היינט ווידער גישעהן, איך וועל דא פארבלייבין, אונ וועל דאס אויך זעהען, דאן וועל איך ארויס לויפין אונ דאס אן חאפין —.

אונ דוא וועסט גאר קיין מורא ניט האבין? האט חנה אים פארוואונדערט גיפרעגט.

ניין, האט דוד גיענטפערט, דען דאס איז גיוויס קיין טויטער.

פאר וואס ניט? האט חנה ווידער גיפרעגט, טרעפט דען ניט אויף דער וועלט וואונדער וואס עס איז ניט נאך אונזער שכל נאך אונ ניט נאך דיא נאטור נאך? אונ פאר וואס קען דיזער וואונדער אויך ניט גישעהן? —

איך וועל דיר אויף דאס אריכטיגין אנטווארט געבין, האט זיך דוד אבגירופין, נאר פריער מוז איך דיר זאגען דאס פיל גיבילדעטע טרעפט וויא דיר דאס זייא נעמען גלויבין אזעלכע וואונדער וואס זייא האבין פארהער ניט גיגלויבט ווען זייא קומען צו דער האנד אונ זייא קענען זייא ניט פארשטיין, אבער אין דער טהאט איז פראנען גרענעצען וואס מען דארף אלע מאל גלויבין, אונ וואס מען דארף קיין מאל גלויבין, דען גיוויינליך זאגין די אבערגלויבער אויך אז עס איז דא אבערגלויבער, נאר זיי גלויבין ריכטיג, אונ אויך דיא אומגלויבער זאגין דאס עס איז פראנען אומגלויבער, נאר זיי גלויבין וויא מען דארף —. נאר דער

גְרֶענֶעץ פון גְלויבּין איז אַזוי: וואָס עֶס אִיז גֶעגְנִין דֶער נַאטור, טָאר מֶען נִיט גְלויבִּין, אוּנ וואָס עֶס אִיז אִיבֶּער דֶער נַאטור, דַארְף מֶען גְלויבִּין, דָאס הֵייסְט, אויף דִיא זַאךְ וואָס עֶס אִיז פְּרַאנֶען רִיכְטִיגֶע בַּאוַויייזִין (מוֹפְתִים חוֹתְכִים) פוּן שֵׂכֶל אוּנ פוּן נַאטור דַאס דָאס קֶען נִיט זַיין, קֶען דָאס טַאקֶע קַיין מָאל גִישֶׁעהֶן, אָבֶּער אויף דִיא זַאךְ וואָס עֶס אִיז נִיטָא קַיין רִיכְטִיגֶע בַּאוַויייזִין אַז דָאס קֶען נִיט גִישֶׁעהֶן, וֶוען עֶס אִיז נִיטָא קַיין רִיכְטִיגֶע בַּאוַויייזִין דַאס דָאס קֶען זַיין, אויף דַרוּף בַּאשְׁטֵייט דִיא אֱמוּנָה, בִּיז דִיא גְלִיקְלִיכֶע צַייט, וֶועט קוּמֶען דָאס מֶען וֶועט אַלְץ וַוייסִין נִיט גְלויבִּין ווִי עֶס שְׁטֵייט, וּמָלְאָה הָאָרֶץ דֵעָה -. אוּנ טוּיטֶע זָאלִין קֶענֶען אוּם גֵיין אויף דֶער וֶועלְט פַאר תְּחִיַּת הַמֵּתִים, דָאס אִיז גֶעגְנִין דֶער נַאטור, אוּנ אַזוי אִיז דָאס גִיוִויס אַלֶעבֶּעדִיגֶער מֶענְטְשׁ וֶוער עֶס לויפְט דָא פַארְבַּייא אִין טוּיטֶע קְלֵיידֶער.

דֶער וַוייִלֶע אִיז גִיוָוארִין נַאכְט אוּנ אַז עֶס אִיז פִינְצְטֶער גִיוָוארִין הָאבִּין זַייא טַאקֶע דֶערזֶעהֶן פַארְבַּייא לֵייפִינְדִיג דֶעם וַוייסִין גִישְׁטַאלְט לֶעבִּין פֶענְצְטֶער.

דָוִד אִיז הַאסְטִיג אַרַיין אִין גָארְטִין אוּנ הָאט פֶעסְט אָנְגִינוּמֶען דֶעם קִיטִיל אוּיסְשְׁרֵייעֶנְדִיג זֶרַח!.

זֶרַח אִיז גִיוָוארִין בְּלַאס ווִיא דֶער קִיטִיל אוּנ הָאט זִיךְ פוּן אָרְט נִיט גִיקֶענְט רִירִין.

דָוִד הָאט אִים אַרָאבּ גִישְׁלֶעפְּט דֶעם לַיילֶעךְ מִיטִין קִיטִיל אוּנ הָאט צוּ אִים מִיט אַשְׁטַארְקֶע שְׁטִימֶע גִיזָאגְט דִיזֶע וֶוערְטֶער: צְווַאר בִּינְסְטוּ וֶוערְט דָאס אִיךְ אוּנ חַנָה זָאלִין דִיר אָנְקְלָאגִין אִין פָּאלִיצֵייא, אוּנ דַאן ווָאלְסְטוּ אַפִּינְצְטֶערִין סוֹף דֶער פַאר הָאבִּין, אָבֶּער אִיךְ ווִיל דִיר קַיין שְׁלֶעכְטֶעס טָאן, אוּנ אִיךְ רֶעבִּין הָאס דֶער מִיט וואָס אִיךְ וַוייז דִיר מַיין גוּטְסְקַייט דָאס אִיךְ הָאבּ דִיר

מַיין אוּמְזִיסְטֶער פַּיינְד גִיחַאפְּט אוּנ שִׁיק דִיר אַוֶועק אִין אַגוּטְן וֶועג וֶועסְטוּ זֶעהֶען וָואס גוּטְסְקַייט אִיז אוּנ וֶועסְט פוּן הַיינְט אָן אוֹיךְ בֶּעסֶער וֶוערִין — .

דֶער נָאךְ הָאט עֶר אִים גִילָאזִין גֵיין אוּנ דָוִד אִיז אַריין צוּ חַנְהֶען אוּנ הָאט גְרַיילִיךְ גִילַאכְט מִיט אִיר פוּן דִיא שְׁפֶּעגֶע — .

# 8.

## גְרויסֶע עֶנְדֶערוּנְגֶעו .

דֶער גוּטֶער דָוִד הָאט זֵייעֶר גוּט גִיטָאן וָואס ...גי אִיז זִיךְ מִיט זָרַחִין בַּאגַאנְגִין מִיט גוּטִין , דֶען מֶען טָאר ־קֵיין מָאל אַ־ין אוּמְזִיסְטִין פַּיינְד אוֹיךְ קֵיין שְׁלֶעכְטְס טָאן ־יין צָארִין מֶער נִיט צוּ הִיצִין , פַארְקֶערְט מֶען דַארְף אִים ...ט טָאן וִויא שְׁלֹמֹה זָאגְט: אִם רָעֵב שׂוֹנַאֲךָ הַאֲכִילֵהוּ לָחֶם ... אם הֵייסְט , אַז דַיין פַּיינְד אִיז הוּנְגֶערִיג , שְׁפַּייזֶע אִים ... בְּרוֹיט . אוּנ זָרַח אִיז טַאקֶע אַוֶועק עֶפֶּעס וִויא צוּמִיר ... זֶעהֶענְדִיג וִויא זַיין פַּיינְד הָאט אִים נִיט בַּאצָאלְט פּ... ־יינֶע שְׁלֶעכְטְץ וָואס עֶר טוּט אִים גָאר אוּמְזִיסְט , אוּנ עֶ... ...אט שׁוֹין בַּייא זִיךְ בַּאשְׁלָאסִין מֶער דָוִדִין נִיט רוֹדֵף צוּ ...ן , אוּנ גָאר אַוֶועק צוּ פָאהְרִין פוּן נ' , דֶען עֶר הָאט זִיךְ בַּארֶעכִינְט וִויא שְׁלֶעכְט עֶר פִירְט זִיךְ דָא אוּנ עֶס וֶוערְט פוּן אִים גָאר נִיסְט .

עֶר הָאט דָאס פָארְגִישְׁטֶעלְט זַיינֶע עֶלְטֶערִין אוּנ זֵייא וֵוייסִינְדִיג דָאס עֶר הָאט שׁוֹין אַשְׁלֶעכְטִין נָאמֶען בַּאקוּמֶען אִין שְׁטָאט אוּנ וֶועט שְׁוֶוער אַשִׁידוּךְ קְרִיגִין הָאבִין זֵייא אַיינְגִישְׁטִימְט עֶר זָאל פַארִין ־קֵיין אוֹיסְלַאנְד , אוּנ אִיז טַאקֶע אַוֶועק גִיפָארִין פוּן נ' סוֹף ווִינְטֶער ־קֵיין כ' אִין גֶערְמַאנְיֶע .

אִין דִיא צַייט אִיז גִיקוּמֶען צוּא דָוִדִין אַבְרִיף פוּן זַיינֶע

עלטערין ער זאל קומען אהיים, אונ ער איז אויך ארויס גיפארין פון נ' קיין פ', זיין גיבורטשטאט, ר' שלמהעס הויז גיזינד אונ בפרט חנה האבין אים פריינדליך דורך גילאזין אונ ער האט זיך מיט זייא גיזעגינט וויינענדיג. דיא צייט לויפט פארוועריץ, אונ עס איז אוועק באלד צוויי יאהר זיך נאר ניט ארום קוקענדיג, זרח האט דארט אביסיל גילערינט אונ אסך ניהולטייעט, אונ האט דאך דורך דיא הילף פון וואס עס העלפט אלעמען אין זייערע נויטין, דאס הייסט דורך דיא געלט, גיקראגין אַדעסטאַט אויף דאפעלטע כוכביהרונג, חאטש ער האט דיא איינפאכע אויך ניט גיקאנט, אונ איז אזויא אראפ גיקומען אהיים שטאלץ אונ האכמוטהיג, דאס עס איז מיט אים נאר ניט גיוועזען צו ריידין. דיא עלטערין האבין זיך אויך גרויס גיהאלטין מיט אים, אונ אלע אין שטאט האבין אים אויך כבוד אבגיגעבין ווי עפעס רעכטץ, דען גיוויינטליך ליידין אונזערע אידין ניט איין איינציגל וואס לערינט זיך קענשאפט, אונ זייען אים חושד דאס ער דאווינט שוין ניט אונ האט פיינט דיא גמרא אבער אזא איינעם וואס האט זיך שוין אויסגילערינט אונ קען פארדינען דורך זיינע קענטעניס געלט. דעם שעטצין זייא אונ גיבין עהרע איבער דיא מאסען, אונ פון אים בעטעוועון זייא שוין נאר ניט דאווענען אונ לערנען, דען ער איז זיך אקענער, אמשכיל פון דיא היינטיגע! אונ אזוי האבין זייא נאר פארגעסין זרחס פריערדיגע חטאים אונ האבין אים נאך בענייעדעט (מקנא גיוועזען) דאס ער איז אזא מענטש גיווארין –. אויך ר' שלמה פאדראציק האט פון אים גרייליך גינומען האלטין, דען ער איז דאך אליין אויך אהאלבער אגיבילדעטער, אונ אזויא איז אים זייער גיפעלין גיווארין אז מען האט אים פארגישטעלט צו נעמען אים פאר איין איידעם, דען זיין חנהען האט מען שוין פיל שידוכים

ירעט

גִירֶעט, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ אַלְין נִיט גִימַאכְט, דָא וִויל עֶר נִיט, דָא וִויל יֶענֶער נִיט, אוּנ דִיא כַּלָה וִויל קֵיינֶעם נִיט, אוּנ הָאט אַזוֹיא גִירֶעכִינְט דָאס דֶער שִׁידוּךְ מִיט זָרַחְן אִיז טַאקֶע גָאר גוּט.

# 9

## אַ שְׁרֶעק.

עֶס פַארְשְׁטֵייט זִיךְ פוּן זֶעלְבְּסְט אַז חַנְהֶען אִיז קֵיינֶער נִיט גִיפֶעלְין גִיוֶוען וַוייל נָאר דָוִד אִיז אִיר גִיפֶעלִין גִיוֶוען, אָבֶּער זִיא הָאט מִיט לַיידֶען גִיזֶען דָאס עֶר אִיז וַוייט פוּן אִיר וִויא מִזְרַח פוּן מַעֲרָב, דֶען אִירֶע עֶלְטֶערִין וֶועלִין גִיוִויס נִיט גֶעמֶען אַיין אָרֶעמֶען אָרֶעם בָּחוּר פַאר אַיין אֵיידֶעם, אוּנ הָאט דַאחֶער קֵיין צֵייכִין פוּן לִיבֶּע צוּ אִים אִין שְׁטוּב נִיט גֶעוִויזֶען, אוּנ אַז נִיט דָוִד'ן צוּ גֶעמֶען, מַאכְט אִיהְר שׁוֹין גָאר נִיט אוֹיס וֶועמֶען עֶס אִיז, אוּנ וִויא עֶס אִיז אִיהְר שׁוֹין שְׁלֶעכְט גֶעוָוארֶען עֶנְטְפֶערִינְדִיג אוֹיף אַלֶע שִׁידוּכִים דֶעם וָוארְט: נֵיין, הָאט זִיא נִיט ווִילִינְדִיג גִיעֶנְטְפֶערְט אוֹיף דֶעם פַּארְטִי מִיט זָרַחְ'ן: יוֹא, זֶעהֶענְדִיג דָאס אִיהְרֶע עֶלְטֶערִין ווִילֶען דָאס גְרֵיילִיךְ אוּנ אִין נ. צוֹא זִיצִין לַאנְג אַמוֹיד אִיז אַגְרוֹישֶׁע רִיזִיקֶע נִיט צוּ קְרִיגִין דֶעם לִיבִּין נָאמֶען „אַלְטֶע מוֹיד„ אוּנ עֶס אִיז ווִירְקְלִיךְ תְּנָאִים גִיוֶוען מִיט חַנָה'ן אוּנ זָרַחְ'ן צוּ זַיינֶע אוּנ בַּאגְרֶענְעצְטֶע שִׂמְחָה.

עֶס אִיז פוּן טָאג נֶענְטֶער גֶעוָוארֶען צוּ דִיא חֲתוּנָה, פוּן בֵּיידֶע צְדָדִים הָאט מֶען זִיךְ זֵייעֶר גִירִיכְט אוּנ גִימַאכְט פַּארַאד ווִיפִיל מֶען הָאט גֶעקָאנְט, מֶען הָאט פַאנַאנְדֶער גִישִׁיקְט אַיינְלַאדוּנְגְם קַארְטִין צוּ אַלֶע פֶערְוַואנְדְטֶע אוּנ גוּטֶע פְרֵיינְד בֶּעטִין אוֹיף חֲתוּנָה, אוּנ אִין דֶעם לֶעצְטִין טָאג פַאר דֶער חֲתוּנָה, הָאבֶּען

אָנְגֶעהֵייבֶּען צוא קוּמֶען גֶעסְט פוּן אַלֶע קַאנְטִין, מֶען הָאט זֵייא צוּ גֶענוּמֶען זֵייעֶר פְרַיינְדְלִיךְ אוּנ עֶס אִיז גִיוֶוען שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן צְוִוישֶען דִיא מַאסֶען גֶעסְט אִיז גֶעקוּמֶען אֵיינֶע נָאר אַיין אוּנְגִיבֶּעטֶענֶע גַאסְט עֶפֶּעס אַווייבִּיל אָדֶער אַמֵיידִיל מִיט אַקִינְד אוֹיפְ'ן הַאנְד, וְוִיא זִיא אִיז אָבֶּער אַרַיין אִין שְׁטוּבּ, אוּנ זָרַח הָאט אִיהְר דֶערְזֶעהְן אִיז עֶר גְלַייךְ אִין אוּנְמַאכְט גִיפַאלִין!

מֶען הָאט אִים אָבְּגֶעטִינְטֶערְט מִיט מַיִם אוּנ קַארִיק אַנִידֶער גִישְׁטֶעלְט, אָבֶּער שׁוֹין אוּיס חָתָן, נִיט אַ שְׁרֶעק?

— דִי מַעֲשֶׂה דֶער פוּן אִיז אַזוֹי, זָרַח זַיינֶענְדִיג אִין שְׁטָאט ב. אִיז עֶר אַיינְגִישְׁטַאנֶען בַּייא אֵיינֶעם אַפּוֹלֶעסִין אִידִין זַיין פָּאטֶערְס אַבַּאקַאנְטֶער וָואס וַואר אֵיינֶער פוּן דִיא פְרוּמֶע אִידִין אוּנ הָאט שְׁטַארְק גִיהִיט זַיין טָאכְטֶער זָאל אוֹיךְ פְרוּם זַיין אוּנ זָאל מִיט בַּחוּרִים נִיט רֵיידִין, אָבֶּער וְוִיא עֶס אִיז בַּאוואוּסְט דָאס צוּא פִיל הִיטִין אִיז עֶרְגֶער וְויא גָאר נִיט, אַזוֹי אִיז זָרַחְ'ן דָארְטִין אַיינְשְׁטֵייעֶנְדִיג נִיט שְׁוֶוער גִיוֶוען מִיט אִיהְר אִין גֶעהֵיימֶענֶעס גוּט צוּא לֶעבִּין, אוּנ הָאט אַזוֹי גִיוִויזִין אַקוּנְסְט אִיר שְׁוַואנְגֶער צוּ מַאכִין אוּנְפֶּערְהֵייראַטֶעט אִיר פָּאטֶער הָאט זִיךְ דָאס דֶערְוואוּסְט אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען מָלֵא רְצִיחָה, אָבֶּער וָואס הֶעלְפְט עֶס, עֶס אִיז שׁוֹין פַארְפַאלֶען, אוּנ זָרַח הָאט גִימוּסְט שְׁוֶוערִין אַז עֶר וֶועט אִיהְר הֵייראַטֶען, אוּנ אִיז אַוֶועק גֶעפָּארֶען צוּא הוֹיז מִיט דִיזֶען בַּאדִינְגוּנְג, אָבֶּער וְוִיא זֵייא הָאבֶּען נִיט דֶערְוַוארְט זַיין צוּרִיק קוּמֶען קַיין ב. מִיט גֶעלְט וְוִיא עֶר הָאט צוּגִיזָאגְט, הָאבִּין זֵייא זִיךְ נָאךְ גִיפְּרֶעגְט אוּנ זַיינֶען דֶערְגַאנְגֶען דָאס עֶר הַאלְט זִיךְ בַּיין פֶערְהֵייראַטֶען מִיט אַיין אַנְדֶערֶע, אַלְזָא הָאט דֶער פָאטֶער אִיר גֶעשִׁיקְט זִיא זָאל פָארֶען מִיטִין קִינְד צוּא אִ'הְם אוּנ אִיז גִיקוּמֶען אִין דֶעם טָאג פַאר דֶער חֲתוּנָה, עֶס פַארְשְׁטֵייט זִיךְ דָאס עֶס אִיז שׁוֹין קַיין חֲתוּנָה נִיט

גִיוֶוען מִיט הַנֶהֶען, אונ צוּ זָרַה הָאט טַאקֶע דֶער נָאךְ גִינוּמֶען יֶענֶע וִויא עֶר הָאט גִישְׁוָוארִין, צוּ נִיט, דָאס וֵויים אִיךְ אוֹיךְ נִיט, נָאר גִינוּג אִיז אוּנְז צוּ וְויסִין דָאס חַנָה אִיז וַוייטֶער גִיבְּלִיבִּין זִיצִין אַמוֹיד אוּנ נָאךְ מִיט אַכְּזָיוֹן –.

## 10.

## דֶער סוֹף.

אִין אָנְדֶער הַאלְבִּין יָאהְר אַרוּם, אִין דִיא פַּארַאדְנֶע גַאס פוּן נ׳, זֶעהְט זִיךְ פָארִינְדִיג אַטַייעֶרֶע עֶקִיפַּאז מִיט פִיר שְׁוַוארְצֶע פֶערְד גִישְׁפַּאנְט, אוּנ אִין אִים זִיצִין צְוֵוייא גְרוֹיסַארְטִיקֶע הֶערִין, אִין אַפָּאר שְׁטוּנְדִין אַרוּם הָאט מֶען גִיזֶען אֵיינֶעם פוּן דִיא הֶערִין אַרַיינְגֵייעֶנְדִיג צוּ ר׳ שְׁלמה פָּאדְרַאצִיק, נוּא וָואס זָאל אִיךְ דָא וַוארְטִין, צוּ פְרִיעֶר צוּ שְׁפֶּעטֶער, אִיךְ מוּז דָאךְ דִיר לִיבֶּער לֶעזֶער, אוֹיסְזָאגִין, אוּנ פִילַייכְט פַארְשְׁטֵייסְט דוּא שׁוֹין נָאר אַלֵיין, דָאס דִיזֶער הֶער וַואר אוּנְזֶער דָוִד וָואס אִיז שׁוֹין וָואס אַנְדֶערְס וִויא אַיְשִׁיבָה בָּחוּר, אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער וַואר דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר וָואס דָוִד הָאט זַיין טָאכְטֶער גִירֶעטֶעט פוּן טוֹיט, אוּנ אִיז אִיצְט אִין ה׳ דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר, אוּנ אִיז אִין נ׳ גִיקוּמֶען צוּ גַאסְט דֶעם נ׳-עֶר גוּבֶּערְנַאטָאר.

דָוִד קוּמֶענְדִיג אַהֵיים פוּן נ׳ הָאט עֶר זִיךְ שְׁטַארְק גִינוּמֶען צוּ לֶערְנֶען קֶענְשַׁאפְט, אוּנ אִיז דִיא רוּסִיסֶע שְׁפְּרַאכֶע בִּיז גְרוּנְד עֶרְפַאהְרִין, עֶר הָאט גְמָרֶא אוֹיךְ אַלֶע טָאג גִילֶערִינְט, אוּנ הָאט זִיךְ גִיפִירְט וִויא גִיהֶערִיג אִיז, עֶר פְלֶעגְט אָפְטֶער שְׁרַייבִּין בְּרִיף צוּ ר׳ שְׁלמה פָּאדְרַאצִיק, אִים צוּ דַאנְקִין פַאר דִיא גוּטֶעס וָואס עֶר

הָאט אִים גְטָאן, אוּנ חַנְהֶען פְּלֶענְט עֶר אוֹיךְ מֶער נִיט וִויא גִירִיסִין, מֶען זָאל נִיט בַּאמֶערְקִין פוּן זֵייעֶר גִיהֵיימֶענֶע לִיבֶּע, אוּנ הָאט לוֹיט גִיהָאפְּט אוֹיף אַבֶּעסֶערֶע צַייט עֶר זָאל קֶענֶען עֶנְדֶעקִין זַיין לִיבֶּע אוּנ אִיר אוֹיספִּירִין, אָבֶּער וִויא עֶר הָאט דֶערְהֶערְט אַז עֶס אִיז תְּנָאִים גִיוֶוען מִיט זָרַחְין, אִיז עֶר גָאר צוּמִישְׁט אוּנ פַּאר־צְווייפֶעלְט גִיוָוארִין —.

עֶר הָאט זִיךְ גִימַאטֶערְט אַרוֹיס צוּטְרַייבֶּען דִיא לִיבֶּע צוּא חַנְהֶען פוּן הַארְצִין, אָבֶּער עֶס וַואר אוּמְזִיסְט; אוּנ הָאט זִיךְ אַזוֹי בַּארֶערְכִינְט נָאר צוּ אַנְטְלוֹיפִין פוּן דִיא קַאנְטִין אוּנ צוּ זוּכִין עֶפֶּעס אַתַּכְלִית פַאר זִיךְ, אוּנ וִויא דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר אִיז שׁוֹין אַרוֹיס פוּן נ׳, אִיז עֶר אַוֶועק גִיפָארִין צוּ אִיהְם קַיין ח׳, אוּנ דֶער גוּבֶּערְנַאטָאר הָאט אִים צוּגִינוּמֶען פַאר אַשְׁרַייבֶּער, עֶר הָאט זִיךְ מִיט דֶער צַייט זֵייעֶר אוֹיסְגִיצֵייכִינְט אִין קַאנְצֶעלַארִיֶע מִיט זַיין גוּטִין פֶערְשְׁטַאנְד אוּנ גְרוֹישֶׁע קֶענְטְנִים אִין שְׁרַייבִּין, בִּיז עֶר אִיז דַרְגָא וַויים גִיוָוארִין דֶעם גוּבֶּערְנַאטָארְס סַאקְרֶעטֶער, אוּנ אִיצְט אִיז עֶר גְרַיילִיךְ צוּפְרִידִין גִיוֶוען, צוּפָארִין קַיין נ׳, צוּא עֶרְפַארִין, וָואס עֶס מַאכְט זַיין לִיבֶּע חַנֶה, דֶען לִיבֶּע אִיז קַיין מֶעטַאל וָואס רָאסְטֶעט, אוּנ זַיין הַארְץ הָאט אִיהְם נָאךְ גִיצֵייגְט צוּ אִיהְר, נִיט וִויסִינְדִיג דָאס זִיא נָאךְ אַפְּרַיילִין אִיז. עֶר אִיז אַרַיין צוּ ר׳ שְׁלֹמְהֶען אוּנ ר׳ שְׁלֹמְהֶס פְרוֹי וָואס וַואר אִין שְׁטוּב, הָאט אִיהְם נִיט דֶערְקֶענְט, עֶר הָאט גִיזָאגְט דָאס עֶר דַארְף צוּ אִיהְר גֶעמַאהְל, אוּנ דֶערְוַויילֶע אִיז חַנֶה אַרַיין, זִיא הָאט אִיהְם גְלַייךְ דֶערְקַאנְט אוּנ הָאט מִיט פְרֵייד אוּנ שְׁרֶעק אוֹיסְגִישְׁרִיעֶן: אָ מוּטֶער, דָאס אִיז דָאךְ דָוִד! – דֶער נָאךְ אִיז ר׳ שְׁלֹמֹה אוֹיךְ גִיקוּמֶען, אוּנ מֶען הָאט זִיךְ אַרוּם נִיט קַיין לַיידִינֶען מִיט גִיזֶעצְט וֵייא הָאבִּין אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערִין דֶערְצֵיילְט זֵייעֶר נֶענֶענְשְׁטַאנְד, אוּנ גָאר אַן

שַׁדְכָנִים אִיז אויסְגִיפִּירְט גִיוָואָרִין דֶער שִׁידוּךְ, אוּנ עֶס אִיז גְלַייךְ גִיוֶועןְ הָאכְצַייט, כֵּיידֶע גוּבֶּערְנַאטָארין זֵייעֶן אוֹיךְ גִיקוּמֶען אוֹיף דֶער חַתוּנָה, אוּנ מֶען הָאט עֶטְלִיכֶע טֶעג גִיפֵייעֶרְט מִיט גְרוֹיס פַּארַאד, אוּנ דֶער נָאךְ אִיז חַנָה מִיט גִיפָּארִין קַיין ה׳, אוּנ דִיא גִילִיבְּטֶע זַייעֶן אַזוֹיא גִיקוּמֶען צוּ זֵייעֶר צִיל גְלִיקְלִיךְ, דֶען דִיא גוּטֶע מֶענְטְשִׁין, דֶערְלֶעבִּין אֵייבִּיג אַלְלֶעם גוּטֶעס! —

# עֶנְדֶע.

